הונדערטער יאָרן, טויזנטער יאָרן, אַז דער אידישער גורל איז איינג פאַרבינדן מיט כלערליי שיפן אויפ'ן שטורמישן ים.

אונטער פאַרשידענע פאָנען האָבן געיאָגטע און געפּלאָג־טע אידישע קינדער געוואַנדערט אויף די שיפן, געטריבן פון איין לאַנד צום צווייטן, געטראָגן פון ברעג צו ברעג.

שיפן פון בבל, שיפן פון רוים, פון שפּאַניען, פון דייטש־לאַנד, פון פּוילן און פון אומעטום.

אַזוי יאָרן און יאָרן, דורות־לאַנג.

אין 1943 אָבער איז דער גורל פון מאַסן אידן פאַרבינדן מיט די שיפן אויפ'ן ים אויף גאָר אַן אַנדער אופן.

אידישע קינדער שטייען איצט ביי די שיפן ניט מיט קיין געבויגענע רוקנס; ניט מיט פּעקלעך אויף די פּלייצעס און וואַנדער־שטעקן אין האַנט; אידישע קינדער אין אַמעריקע שטייען איצט מיט פאַרשידענע געצייג, מיט פאַרשידענע אינסטרומענטן — און זיי העלפן בויען אַ מעכטיקן פלאָט צו פאַרניכטן אַלע שוואַרצע כוחות אויף דער וועלט.

נייע צייטן! נייע שיפן! נייע אידן!

און אַלס איינער פון אָט די אידישע קינדער, וואָס האָט אין זיין פריסטער יוגנט דערקענט די שיפן אויפ'ן שטורמישן ים אַלס וואַנדערער און וואָגלער (פון רוסלאַנד קיין קובא און פון קובא אין די שטאַטן) און העלפט איצט בויען קעמפערישע שיפן — טראָג איך צו אָט די באַשיידענע זאַמלונג לידער — די לידער פון אַ אידישן שיפבויער.

## פרילינג — 1943

ס׳איז פרילינג 1943.
ס׳איז פרילינג ווידער.
אלץ איז —
ווי די פּאָעטן זינגען אין די לידער.
די לופט איז אָנגעפילט מיט קלאנגען.
די ערד איז טראָגעדיג
מיט יוגנטליכע דראנגען.
אלץ איז ווי געוויינליך,
ווי אין פּסוק שטייט.
נאָר ס׳איז פרילינג 1943,
ס׳איז ניט דער פרילינג פון אמאָל.
די לופט איז אָנגעפילט מיט אַנגסטן
און מיט דעם קלאַנג פון קאַלטן שטאָל.

* * *

הויב מאשינען שטרעקן אוים די אָרעמס צו דעם הימל
און עפענען אויף די לעפצן ברייט אזוי און פויל.
א דריל, ווי א מאשין-ביקס האָט די ערד צעקייעט
און די הויב-מאשין האָט אָנגעפאקט א פולן מויל.

* * *

קיין גראָזן און קיין בלומען וועלן מער אַט דאָ ניט וואקסן,
פרילינג 1943 איז אנדערש ווי אמאָל.
שיפּיארדס און פאבריקן, קאַזאַרמעס און באַראַקן
אין יעדער שטאָט און שטעטל, ביי יעדן ברעג און טאָל.

* * *

צו זינגען וועגן בלומען אין 1943
איז א פארברעכן אפשר
און קלינגט סענטימענטאל.
ווען יעדער בוים דערמאָנט אין אַ קאַנאָן באַהאַלטן
און יעדער גרעזל שפּיציק אזוי ווי א קינזשאַל.

* * *

די פויגל קומען אָנ'עט פון די ווייטע לענדער
זים און הארציק נאָענט קלינגט אָפּ זייער טרעל,
נאָר מיט יעדן פויגל פליען עראָפּלאַנען
אין שנעלקייט זיך פאַרמעסטן,
ווי אין פּאַראַלעל.

* * *

עס עפנען זיך די קנאָספּען
עס גרינען שוין די בוימער.
דער וואַלד אין גרינער בליאונג דערמאָנט אין אַ מיראַזש;
אין 1943 רופט יעדעס גרינעס בלעטל
ארוים אַ פראַגע צייכן וועגן קאמופלאזש.

* * *

אַ אינגל און אַ מיידל גייען אום געאַרעמט,
דאָס איז ניט קיין נייעס, אַלץ איז ווי אמאָל.
דאָס אינגל און דאָס מיידל טראַכטן אָבער איצטער
וועגן הייסער ליבע און וועגן קאַלטן שטאָל.

* * *

די מיידל ליבט דאָס אינגל.
זי קושט אים און זי טרויערט.
זי קושט אים אין די אויגן און לייענט אַ געדאַנק:
מען מוז זיך ליבן גיכער, מען מוז זיך האַלזן שנעלער,
ווייל ערגעץ וואַרט אויף אים שוין אַ גרויסער
שוואַרצער טאַנק.

* * *

אַ טאַנק וועט ער גאָר פירן, צי אפשר וועט ער פליען?!
צי אפשר וועט ער שווימען אין אַ סאָבמאַרין ?!
דער פרילינג איז געקומען אין 1943
און יונגע קינדער פרעגן :
וואוהין ?

## AM 98

אין טונקל־גרויע פארבן, קאַלט און שמאָליק־ערנסט,
מיט דעם מאַסט געהויבן אין העלדישן פאַרנעם,
שטייט זי פיקס און פאַרטיק, די שיף, וואָס איז מיר אייגן,
מיט ציפער 98 און אותיות: „עי־עם".

* * *

די שיף, וואָס כ'האָב געזען, ווען זי איז נאָך ניט געבוירן,
און איז געווען בלויז צייכנס אויף אַ בלויען פּלאַן,
הודזשעט פול מיט לעבן און רוישט מיט די מאַשינען,
פּרואווט אוים וויפל כח עס איז אין איר פאַראַן.

* * *

עס דרייען זיך די רעדער, באוועגן שווע־ע אָרעמס,
עס טרייבן די מאָטאָרן, די שיף איז גרייט אין וועג,
עס דרייט זיך דער פּראָפּעלער, דער אַנקער אויפגעהויבן,
עס טרובעט פון די רערן, די שיף רירט זיך פון ברעג.

* * *

עס איז איר ערשטע רייזע, זי פאָרט ארוים אויף פּראָבע,
זי שניידט דאָס קאַלטע וואסער און שטעלט די ערשטע טריט.
זי רירט זיך אַזוי לאַנגזאַם, פאָרזיכטיק, באַשיידן,
באַהויכט פון ערשטן ציטער פון אָנפאַנגערס געמיט.

* * *

ארבעטער פון שיף־יאַרד. בויער. אינזשינירן —
קוקן אין דער ווייטקייט. קוקן אין דער טיף.
מיט תפילות אויף די ליפּן און ברכות אינ'ם הארצן —
פילן ווי אַ מאַמע צו דער נייער שיף.

## מען בויט...

טאַ ראַ טאַ טאַ טאַ!
טאַ ראַ טאַ טאַ טאַ!
עס האַמערט,
עס קלאַפּט,
ביי טאָג און ביינאַכט,
אויף וואַסער און לאַנד
זיבן טעג נאָכאַנאַנד,
אין היץ און אין קעלט
אין רעגן און שניי, —
די לוסט פון באַשאַפונג האָט אלעם באַהעלט!

* * *

מען פירט
און מען ברייננגט,
מען הויבט
און מען לעגט,
מען שניידט
און מען זעגט,
מען דריקט
און מען פּרעסט,
קוואַרטאַל נאָך קוואַרטאַל
אַ באַרג מיט מעטאַל,
עס בויט זיך אַ וועלט!

* * *

פיבער־באַשאַף,
און אויפרעג־געבוי,
די בלוטן אין פייער
צעהיצטע אזוי;
אַ שיף נאָך אַ שיף,
וואו דו גיסט זיך א קער
מען שאַפט און מען בויט
אלץ מערער
און מער —

* * *

מען בויט.

# די מוטער פון דעם וועלדער מעקסי קאַץ...

די פלאַש שאמפּיין האָט אויפגעברויזט אין שוימען,
אויף בויגן פון דער שיף געטאָן א שנעלן פּלאַץ,
גליקליך און צעראַשט ווי אין אַ וועלט פון טרוימען
געשטאַנען איז די מוטער פון דעם וועלדער מעקסי קאַץ.

* * *

דער שיפּיאַרד האָט באַשאָנקען די מוטער מיט דעם כבוד
פון וועלכן בלויז אַ שיף־מענש האָט דעם ריכטיקן באַגריף
צו זיין דער הויפּט מחותן ביי דער גרויסער שמחה
פון ארונטערלאָזן אין טייך אריין די שיף.

* * *

די מוטער האָט דערלעבט אין איר עלטסטן זון אַ נחת:
ער איז דער בעסטער וועלדער, אַ וועלדער אָן אַנטיק,
מיט דעם פייער־פאַקל איז ער אַ גרויסער בריה
צו שמעלצן שטאָלן־פּלאַטן אין איין מאָסיוון שטיק.

* * *

האַט דער שיפּיאַרד אויסגעקליבן מעקסין אַלס אַ ביישפּיל
און זיין גוטע אַרבעט ווערט אַנערקענט פון כלל,
דערפאר קען ער זיין מוטער צוטיילן די זכיה
די פלאש שאַמפּיין צעברעכן צערעמאָניאַל.

* * *

שטייט זי איצט די מוטער אין איר קלייד דעם שענסטן,
אוניפאָרמירטע מענער רינגלען זי ארום,
און בוקעטן בלומען באַפּוצן די פּלאַטפאָרמע,
און געסט פון אלע זייטן, וואו מ׳קוקט זיך אום.

* * *

און די דעק פון אויבן איז באַצירט מיט פענער,
מיט אַ „ווי פאָר וויקטאָרי" אין אַ שאַרפן שניט.
ווי אַ סימבאָל הייליק הייגנט די פלאַש שאַמפּאַניער
אויף אַ שטריק פון זיידנס, פונקט אויף אינדערמיט.

* * *

עם פינקלען אַפּאַראַטן. די רעפּאָרטערס איילן.
בילדער פון דער שמחה נעמט מען אָן אַ שיר.
און דעם וועלדערס מוטער נעמט אַ בילד באַזונדער
מיט איר זון דעם עלטסטן און דעם שיפן־קאָמאַנדיר.

* * *

און די ארבעטס-יונגען פון שיפן ניט דערבויטע,
וואָס הויבן זיך און וואַקסן מיט שנעלקייט פון מינוט,
זיי שטייען אויף די דעקן, אויף פּלאַטן אין אויף דעכער,
זיי טוען איצטער גאָרניט און פילן אזוי גוט.

* * *

עס שפּילט אויף דער אָרקעסטער די נאַציאָנאַלע הימנע,
דער עולם ווערט באַשיידן פאַראייניקט אין געזאַנג.
אַ תּפילה ווערט געהאלטן פאר דער שיף דער נייער,
גליק פאר איר געבעטן אויף אַ לעבן לאַנג.

* * *

און עס ווינשן רעדנער אראָפּ פון דער פּלאַטפאָרמע,
אַז די שיף זאָל העלפן אין אַ שנעלן זיג
פאר די שטאָלצע מוטערס און די זין די בראַווע,
וואָס געבן זייער בעסטעס אין דער צייט פון קריג.

* * *

די רעדעס שוין פארענדיקט, די מוזיק שפּילט ווידער,
און עס קומט דער קלימאַקס אין בליציקן מאָמענט —
און דעם וועלדערס מוטער ביי דעם שטריק פון זיידנס
כאַפּט די פלאַש שאַמפּאַניער אָן מיטביידע הענט.

* * *

* * *

זי גיט די פלאַש אַ שליידער אין דער שאַרפן בויגן
מיט אַ שוואונג ענטשלאָסן אין איר פולער קראַפט,
און דער ווײַן צעגיסט זיך אין זויבער ווײַסע שוימען
און די שיף באַשפּריצט זיך ווי מיט לעבענס־זאַפט.

* * *

עס קלאַפּן שנעל די האַמערס פון הונדערט שיפן־בויער,
די שיף הויבט־אָן זיך גליטשן אויף פעט באַשמירטן וועג,
ווי אַ געהיימער שאָטן רוקט זי זיך פּאַמעליך
שטיל, און אָן אַ שאָרך אראָפּ צו פון דעם ברעג.

* * *

# א געזאנג צו דער פארענדיקטער שיף...

די סטרוקטור פון דער שיף שוין געפורעמט,
די אויבערשטע דעק שוין צעטורעמט,
עס הויבט זיך דער ריז!
עס נעמען שוין אָן זייערע פאָרמען
די ערשטע און צווייטע פּלאַטפאָרמען,
דער מאַסט שוין אינמיטן צוהויבן,
אזוי ווי א מעכטיקע שפּיז.

* * *

לייטערס פון אלערליי עקן,
טירן אין אלערליי דעקן,
אלץ אויף דעם פּלאַץ ווי געפּלאַנט.
אלעם באַשיצט און באוואָרענט,
אין אונשטערשטן טייל און פון פאָרנט,
די שטאָלענע ווענט ווי געשמידטע,
געפּאַנצערט, פארגרייט מיליטאַנט.

* * *

עס ארבעטן די ווענטילאַטאָרס,
די דינאַמאָס און טראַנספּאָרמאַטאָרס,
עס אָטעמט מיט קראַפט יעדער שפּאַן.
קאָנטראָלן, מאָטאָרן, מאַשינען
און רערן פאַרדרייט אין קאַבינען
און טאַנקען פאַר אויל און פאַר וואַסער
ס'איז אַלעם פאַראַנען, פאַראַן!

* * *

קאַנאַנען מיט מיילער צעשטרעקטע
מיט גומענע צודעקס באַדעקטע,
גרייט פאַר א יעטווידער נויט.
צו שיסן העט־הויך אין די הויכן,
און טיף אונטער וואַסער צו טויכן,
צערייסן דעם שונא אויף שטיקער
מיט גליענדן ברענענדן שרויט.

* * *

דאָס האַרץ עס צעגייט זיך פֿאַר נחת
צעשפּעפּן עס ברייט און פֿאַרמאַך עס,
די פֿרייד שפּאַרט אַרויס סיי-ווי-סיי.
די שיף איז אַ טייל פֿון דיין לעבן,
אַ טייל פֿון דיין טעגליכן שטרעבן,
אַ טייל פֿון דיין זיכערן גלויבן
אין אַלעס, וואָס בויט זיך דערביי.

* * *

אַ טרוים איז געקומען צעפֿלויגן
און דאָ פֿאַר די אייגענע אויגן
גענומען פֿון שטאָל אַ סקעלעט
און אַ פּרעכטיקע שיף אויסגעפֿורעמט,
וואָס האָט אַזוי הויך זיך צעטורעמט,
געוואָרן מיט לעבן צעשטורעמט,
געוואָרן:

ר ע אַ ל י ט ע ט!

## קאפּיטאן, קאפּיטאן

קאַפּיטאַן, קאַפּיטאַן,
דו הערראַאישער מאַן,
דער שיף ביסט באַשערט
און דיינע זי ווערט !
קאַפּיטאַן ! קאַפּיטאַן !

* * *

ווי אַ טאָכטער, אַ קינד
איז די שיף אונז אַצינד
אויף דעם שטורמישן ים,
זיי איר שיצער, איר מאַן
קאַפּיטאַן ! קאַפּיטאַן !

* * *

פון א פּלאַטע פון שטאָל,
וואָס איז גאָרניט אמאָל,
פון דער וויג, פון דעם שוים
זי דערצויגן ביז גרוים,
קאַפּיטאַן ! קאַפּיטאַן !

* * *

סיי ביטאָג, סיי ביינאַכט
איבער איר נאָר געוואַכט,
איצט איז זי אַ שיף
פאר איר לעבענס־באַרוף,
קאַפּיטאַן! קאַפּיטאַן!

* * *

זי איז קרעפטיק געבויט
קען באַשטיין אַ נויט,
צי אין גוט צי אין שלעכט
זי וועט דינען דיר רעכט,
קאַפּיטאַן! קאַפּיטאַן!

* * *

פיר די שיף איצט אוועק
אין איר מיידלשער שרעק
אין אַ גליקליכער שעה,
אין אַ פרייליכער שעה,
קאַפּיטאַן! קאַפּיטאַן!

# אין פּילאָטן הויז...

די שיף איז באַלד שוין פֿאַרטיק און טויזנט קליינע זאַכן
פֿעלן, ווי געוויינלעך, דאָ און דאָרטן אויס,
מיין עלטסטער האָט באַפֿעלן אַ צייכנונג זאָל איך מאַכן
פֿאַר אַ שטאָלן בענקל אין פּילאָטן־הויז.

*   *   *

דאָס פּילאָטן־הויז מיט זעכצן ליכטער־לעכער
פּוצן פּוס ביי צוועלף, האַלב קיילכיק אין פֿאָרמאַט,
די רודער־ראָד אינמיטן, דער קאָמפּאַס דאָ דערנעבן,
אין פֿאָרט־זייט אין אַ ווינקל — דער קלאַנגען אַפּאַראַט.

*   *   *

ווער וועט דאָרטן זיצן אין דעם איינגן ווינקל
אויף דעם שטאָלן בענקל וואַכן שעהן לאַנג,
היטן יעדן ווייזער, יעדן טיק און פֿינקל,
אָנגעשטריינגט, געדולדיק ווארטן אויף אַ קלאַנג?

*   *   *

און דער קלאַנג וועט וואָרנען: די געפֿאַר איז נאָענט,
און ס׳וועט איבער דער שיף זיך צעטראָגן דער סיגנאַל,
אַז דער שונא טויטליך קומט אונטער דעם וואַסער,
ווי אַ טיגער וואַרט ער מיט זיין איבערפֿאַל.

* * *

עס וועט אַ בראַווער בחור זיצן אויפֿן בענקל
און הערן־איש היטן די וויכטיקע מאַשין,
מיט יעדן נערוו באַזונדער וואַכן די סמנים,
וואָס וואָרנען געגן מינען און שונאס סובמאַרין.

* * *

איך וועל די צייכנונג מאַכן פֿאַר דעם שטאָלן בענקל,
אין יעדן שטריך פֿאַרוועבן מיין האַרציקן געבעט,
אַז ווען עס זאָל די וואָרנונג פֿון געפֿאַר ניט קומען,
זאָל די וואָרנונג קומען קיינמאָל ניט צו שפּעט.

## מיין נומער — 2007

א בלעכן קנעפל אין מיין לאץ,
אַ נומער — צוויי טויזנט און זיבן.
א בילדל פון מיר איינגעראַמט,
מיין נומער אויף דעם אויפגעשריבן.

*   *   *

א נומער געוואָרן בין איך
אין דער גרויסער מלחמה־פּראָגראַם,
אין בויען א מעכטיקן פּלאַט
פאר דעם שטורמישן, קריגערשן ים.

*   *   *

די ארבעט — א הייליקע פליכט,
פול מיט אימפּעט, מיט פייער און גלוט.
יעדער טאָג איז אַ בלוטיקער חוב
און היסטאָריש איז יעדע מינוט.

*   *   *

אַ נומער געוואָרן בין איך,
אַ נומער פון בויען און שאַפן
צו בויען פון שיפן אַ בריק,
פאר אלעמענס ברענגן — איין האַפן.

# דאס קליינע, צארטע מיידל...

דאָס קליינע צאַרטע מיידל
מיט די בלאָנדע האָר,
טראָגט מיט זיך דעם פרילינג
אויף אירע אַכצן יאָר.

* * *

זי שפּאַנט אַזאַ מין שטאָלצע
אויף אירע שלאַנקע פיס,
אויף אירע פולע ליפּן
ליגט א שמייכל זיס.

* * *

זי האָט זיך דאָ באוויזן
פּלוצים אָט אזוי
אַ מאַנ'ם אַ פּלאַץ פאַרנעמען
אין דעם שיף-געבוי.

* * *

פּאַפּירן, מעמאָראַנדומס
אין לעדערנעם פּאָרטפעל,
זי טראָגט זיי און צעטיילט זיי
פלינק אזוי און שנעל.

* * *

ס'איז די יונגע מיידל
ערשט אָט־דאָ פארביי
אלע מענער פילן
שטיפעריש און פריי...

* * *

וואָס מיר, ווער מיר שיפן?
וואָס מיר, ווער מיר קריג?
אַכצן יאָרן פדילינג
מערער ווי גענוג !...

* * *

שיפן וועל איך בויען
בלויז פאר דיר אליין !
וואו האָסטו גענומען
אזויפיל עמערם חן ?!

* * *

צווישן ראָסטיק אייזן,
צווישן שטאָלן גרוי,
שוועבט אַ טרוים א צארטער,
שוועבט א חלום בלוי.

# צוויי שיפן געקומען אהיים...

צוויי שיפן געקומען אין האַפן
פון ווייטע מרחקים.
געקומען אַהיים.
אזוי ווי צוויי טעכטער,
וואָס קומען אהיים צו דער מאַמען.
פון מאַמעשער ליבע אויפסניי צו געניסן,
זיך קעכלען,
זיך צערטלען,
פארזוכן אַן היימישן ביסן,
נאָך אַ צייט אזאַ לאַנגער,
וואָס מ'איז פון דער מאַמען
געווען אָפּגעריסן.
עס זיינען צוויי שיפן געקומען אין האַפן,
וואו זיי זיינען געבוירן,
געוואָרן באַשאַפן.
געקומען א היים
מיט קנייטשען
און קאַרבן.
צעקלאַפּטע זייער שאַרבן.
דער שטייף-שלאַנקער בויגן
שטאַרק איינגעבויגן.
צרות געליטן אסך אין דער פרעמד.
מען שווימט
איבער שטורמיש-צעווילדעטע ים'ען
און סוף כל סוף —
קומט מען אהיים צו דער מאַמען.

מ׳עט די שיפן באַזאָרגן
באַקוועם אין די בעטן,
מען וועט זיי פּוצן
און גלעטן,
זיי גלייכן די ביינער,
זיי היילן דעם שאַרבן,
וואַשן און פאַרבן,
פון ראָסט זיי באַפרייען
מיט יוגנט באַנייען.
עס וועלן די שיפן
צו זיך ווידער קומען, —
און ווי ס׳פירט זיך שוין שטענדיק
פון אוראַלטע צייטן,
וועלן די שיפן, ווי קינדער,
זיך יעדער באַזונדער,
אוועק אין זיין וועג,
אויף דעם רוף פון די ווייטן.
און די מאַמע,
דער האַפן,
וואו די שיפן
זיינען געוואָרן באַשאַפן,
וועט וואַרטן ווי פריער,
און ציילן די טעג,
ווען עס וועלן די קינדער,
די טייערע אירע,
קומען פון וועג,
א היים צו דער מאַמען.
אהיים!

# די נייווי „אי"...

דער אינזשינירונג אפטייל האָט געהאַט אַ יום טוב
אין ברודערשאפט פאַרזאַמלט ביי געדעקטע טיש;
רעדנער און באגריסער, פרייליכקייט און ערנסט,
פון יום־טוב און פון וואָך אַ האַרציקער געמיש.

* * *

עס האָט זיך אויפגעשטעלט דער פרעזידענט פון שיפּיאַרד,
(ער איז געוועזן אַ גאַסט ביי דעם באַנקעט)
ער האָט געזאָגט: מיר ווילן פון אייך אַלע
גרויס לאָיאַליטעט.

* * *

דער שיפּיאַרד האָט קאָנטראַקטן פון דער נייווי,
וואָס מוזן ווערן אויסגעפילט אין אַ באַשטימטער צייט;
דערפאר האָט יעדער טאָג און יעדע שעה אפילו
אַ וויכטיקן באַדייט.

* * *

שטארק און אומבאַגרעניצט מוז זיין אונזער אַנשטריינג,
עס קאָן ניט גרוים גענוג זיין אונזער עקסטראַ מי
די ארבעט צו פאַרשטאַרקן און מערער ווי פאַרדאָפּלען,
א שטאָלצע פאָן צו קריגן מיט דער נייוווי — „אי״.

*   *   *

אויסגעהערט די ווערטער פון פּרעזידענט פון שיפּיאַרד,
האָבן אַלע, אַלע ווי איינער צוגעשטימט,
שנעלער פּראָדוצירן, די „נייוווי אי״ צו קריגן
און דעם נאָמען פון דעם שיפּיאַרד מאַכן ברייט באַרימט.

# מיר זיינען צוויי ברידער...

בראַווער מאַטראָס,
אומבאַקענטער מאַטראָס,
מיר זיינען צוויי ברידער!
פאַר דיר איז מיין וואָרט,
פאַר דיר — מיין געבעט,
צו דיר — מיינע לידער!

* * *

געאַרבעט געטריי
מיט נשמה און הארץ,
די שיף דיר געהאָלפן צו געבן;
איצט נעמסטו זי מיט
אויף דעם שטורמישן ים,
און געטרויסט איר דיין היילינקן לעבן.

* * *

ביי טאָג און ביי נאַכט
וועל איך בעטן פאַר דיר,
פאַר דיר, ברודער מיינער, מתפלל,
אין דער זעלביקער צייט,
וועל איך לויבן דיין טאַט,
און זינגען צו דיר וועל איך הלל.

* * *

הללויה, מאַטראָס,
הללויה, מיין ברודער,
דו העלדישער יונג פון די ימען.
יעדער קער, יעדער ריר,
פאַר דער שיף און פאַר דיר,
בשלום, בשלום צוזאמען!

## טאמי...

טאמי איז א בחור א יונגער און א בראווער
מיט א גוטן שמייכל און א לייכטן גאַנג,
ער טראָגט אויף זיך אַ פרייקייט פון די ברייטע ים׳ען—
שיפן איז זיין ארבעט יאָרן, יאָרן לאַנג.

* * *

שיפן פלעגט ער בויען, שיפן אָן קאַנאָנען,
ניט קיין שיס-פלאַטפאָרמען באַפּאַנצערטע אין שלאַכט.
יעדע שיף געוועזן פאר וואוילטאָג, פארגעניגן,
יעדע שיף א יום-טוב, א לוקסוריעזע יאַכט.

* * *

א שיף אַזאַ פאַרענדיקט, פלעגט זיין אן הוליאַנקע
א טאָג א נאַכט פארהוליעט אויפ׳ן אָקעאן.
וויינען פלעגט מען גיסן און פיש מכל המינים
געטרינקן און געביסן ביז אין טאָג אריין.

* * *

איצט איז טאַמי אַנדערש. איצט איז אַלעם אַנדערש.
איצט בויט טאַמי שיפן פאַר אַן אנדער צוועק.
יעדע שיף — א פעסטונג. יעדע שיף א — פאַנצער,
יעדע שיף טראַגט אומקום, פייער-פלאַם און שרעק.

* * *

טאַמי האָט ערפאַרונג — איז ער איצט אַן עלטסטער,
ער דאַרף די שיף באַשטאַטען מיט אַלץ און אַלעסדינג;
אַלערליי מאַשינען האַלט ער אויפ'ן זינען
און יעדע זאַך איז וויכטיק — ווי אין אַ קייט אַ רינג.

* * *

ער האָט א חברה יונגען ערפאַרענע און פלינקע.
ענערגיש און עלעקטריש איז זייער יעדער ריר.
זיי וועלן אַלעם ברייננן. זיי וועלן אלעם קריגן.
אַ בעטל און אַ טיש, אַ שלעסל צו אַ טיר.

* * *

זיי וועלן אַלעם בריינגען. זיי וועלן אַלעם קריגן.
די מאַטעריאַלן-ליסטע געדיינק נאָר און דערמאָן,
פון דער זאַך דער קלענסטער ביז דער סאַמע גרעסטער
פון אַ שפּילקע-קעפּל ביז'קל אַ קאַנאָן.

* * *

טאַמי יאָגט און אַרבעט שעהן איבער שעהן,
פיר נעכט ניט דערשלאָפן אין דער זעלבער וואָך,
איין שיף אויסגעשטאַטעט, די צווייטע ווערט
באַשטאַטעט,
די דריטע הויבט ער אָנ'עט און ער ארבעט נאָך.

# פרילינג אויף די שיפֿן

פרילינג אויף די שיפֿן,
זונענשיין אויף שטאָל,
ליכטיקייט אויף אייזן
פריידיק זיך צעפּלייצט.

* * *

עס שעמערירט א דינקייט
ווי אַ שטאַרקער וויין,
וואָס האָט פארשיכורט יעדן
און אלעמען צערייצט.

* * *

די רייץ פון פרילינג-בויאונג
וואָס מאַכט איעדן יונג.
יעדער — אַ באַשעפער,
יעדער טראָגט אַ זוים.

* * *

לעבן ווערט געשאפן
אין פאָרם פון אַ שיף,
וואָס וואַקסט מיט פיבער-שנעלקייט
ווי א יונגער בוים.

* * *

פרילינג אין דעם שיפֿיאַרד,
גיסט זיך ווי פון קוואַל
אויף יעדער שיף און ווערהויז
אויף יעדן שטיק מעטאַל.

## דער אלטער אינזשיניר...

א טיש, א לאָמפּ, און ביכער, קאַטאַלאָגן.
פאָרמולעס געשיקטע שוועבן אויף פּאַפּיר
צייכנונגען פון שיפן און אלערליי דעטאלן, —
עס טראַכט און רעכנט דער אלטער אינזשיניר.

* * *

און אָפּטמאָל, אָפּט, זיצט ער אזוי פאר'דאגה'ט.
ער שרייבט אויף שנעל און מעקט ווי אין אַ קלעם
ער מישט אין אינזשינירונגס-האַנטבוך יעדע ווײַלע:
ער האָט געכאַפּט א שווערע מאַטעמאטישע פּראָבלעם.

* * *

ער זוכט און נישטערט אין פאַרשידענע טאַבעלן,
ער האָט דעם ענטפער שוין דעם ריכטיקן דערפאַקט.
עס שטימט דער ציפער מיט דער צייכנונג דער געפלאַנטער
די וואָג און מאָס איז פּינקטליך און עקזאַקט.

* * *

א שמייכל לייכט אויף אויף דעם קענערס פנים.
א שמייכל פון א קעמפער נאָך א קלאָרן זיג,
וואָס האָט נאָך שאַרף אין מוח און פריש נאָך אין זכרון
פילע שווערע פאָרמולעס פון קאַלקולוס און טריג.

* * *

ציפער — זאָגט דער קענער — זאָגן ניט קיין ליגן
קלאָרקייט און באַשטימטקייט ליגן אין יסוד.
שטרעבונג צום עקזאַקטן ברייגען צו דער שיינקייט
פון ענדליכן אַנטפּלעקן פון דעם געזוכטן סוד.

# איך האָב אין קריג צוויי זין...

ער האָט גערעדט צו מיר דער אלטער שיפן-בויער.
ער האָט געזאָגט: איך האָב אין קריג צוויי זין.
דערפאַר, פאַרשטייט איר, אַרבעט איך אָן אויפהער
און וואָס איך וויל איצט זיין נאָר: איז אַ מאַשין!

* * *

איך וויל ניט פילן איצט, איך וויל פון גאָרניט וויסן,
ווייל גאָרנישט, גאָרנישט האָט פאַר מיר קיין זין,
ווי בלויז דער פאַקט, אַז ערגיץ וואַרטן אויף די שיפן,
מיין אייגן בלוט און פלייש, מיינע אייגענע צוויי זין.

* * *

עס האָט גערעדט אזוי דער אלטער שיפן בויער,
וואָס מאַכט אליין דעם איינדרוק פון אַ שטיק מעטאַל,
און ערגיץ האָט א טרער זיין מענער שטים פאַרראַטן,
אַ טרער אַ קאָנטראָלירטע פון א פאַרשטיקטן קוואַל.

* * *

עס איז אַ פּראָסטער אמת, ניטאָ זיך וואָס צו שעמען:
דעם שטאַרקסטן מיטלייד פילט מען, ווען אייגנס גיט אַ וויין,
שטאַרקער נאָך דער ווייטיק, ווען נאָענטס ווערט פאַרוואונדעט
טיפער נאָך דער אומגליק, ווען די וואונד קריגט מען אליין.

## א שיף ברענט...

עס האָט דער אַלאַרם צעקלינגט זיך היסטעריש,
אָן אויפהער.
אַ ציטער עלעקטריש
פאַרגליווערט די פּיס און די הענט —
א פראַגע-מאָמענט.
עס רייסן אריין זיך אינמיטן דערינען
מיט ווילדן גערעווע די פייער-מאַשינען,
עס ברענט !
ניט קיין געביידע,
וואָס שטייט דאָ דערנעבן,
ניט קיין מאַשין-שאַפּ,
קיין ווערהויז,
נאָר אַ שיף, וואָס איז נאָך ניט געקומען צום לעבן.
עס ברענט,
און עס קלעמט
ביי דעם האַרצן א פיינליך געפיל.
די שיף,
ווי א קינד וואָס ליגט נאָך אין וויגל,
האָט קיין צייט ניט געהאַט נאָך
פון גאָרניט געניסן;
קיין גוטעס,
קיין שלעכטעס
זי האָט קיינעם געטאָן נאָך.
הילפלאָז און מאַכטלאָז פון גאָרניט צו וויסן.
זי ברענט.

* * *

עס הויבן אין הויכקייט פון פייער זיך צינגען,
זיי שפרינגען,
זיי דרינגען
אריין אין די שטאָלענע ווענט
פון שיף.
עס פאַלן די לייטערס,
די טרעפּ,
וואָס פירן צו אויבערשטע דעקן.
די פאָדערשטע טייל פון דער שיף
איז אינגאַנצן אין פייער.
דער ווינט,
וואָס האָט דאָס פייער פאַראורזאַכט,
ער ארבעט אויבערשטונדען
אָן באצאָלטס.
ער בייסט,
ער רייסט,
ער שמייסט;
עס דוכט זיך, אַז די שיף,
וואָס איז נאָך ניט געבוירן
וועט אינגאַנצן ווערן פאַרלוירן.
נאָר דער טייך,
וואָס איז א מאַמע צו דער שיף,
וואַרפט מיט בערג מיט וואַסער, —
און דאָס ווילדע פייער
ווערט שוואַכער און
ווערט בלאַסער,
ביז עס ווערט אינגאַנצן איינגעשטילט.

* * *

די שיף,
וואָס איז נאָך ניט געבוירן,
וועט ניט זיין פארלוירן —
זי וועט בלייבן לעבן.
אין אַ גוטער שעה !

## געווען א יונג מיט לעבן...

ניקי רעדהעד איז געווען א יונג מיט לעבן,
געווען א יונג מיט לעבן ביז דער לעצטער שעה, —
ס'איז שווער גאָר דאָס צו שרייבן און שווערער נאָך צו גלויבן,
אַז „ניקי רעדהעד" איז מער ניטאָ.

* * *

ווי זאָגט אָט דאָרט דאָס ווערטל: געווען אַ יונג מיט ביינער,
וואָס האָט קיין טאָג, קיין שווארצן, דוכט זיך ניט געוואוסט.
געביסן פון דעם לעבן מיט גוט געזונטע ציינער,
געטרונקען פולע עמער פון פריילעכקייט און לוסט.

* * *

ווי זיינע האָר די רויטע האָט ער געברענט מיט פייער,
נאָר וואָס קומט דען ארוים איצט, אַז ער איז מער ניטאָ.
מיט זיין געזונטן שמייכל איז ער געוועזן טייער
צו יעדן אין דעם שיפּיאַרד ביז דער לעצטער שעה.

* * *

זיין לעצטע שעה געקומען און האָט אים שווער באַפאַלן,
בייז און אָן רחמנות פאַרנעפּלט זיין געזיכט.
ווי אַ שטיין אַ שווערער איז ער אראָפּגעפאלן
פון געשטעל דעם הויכן אוועק זיין גלייכגעוויכט.

* * *

דער שווערער „ריוועט"-טרייבער איז אים נאָכגעלאָפן,
ביז דער לעצטער ווילע געבליבן אים געטריי;
אויף דער ערד דער קאַלטער ווידער זיך געטראָפן
צום לעצטן מאָל באַרירט זיך — און געבליבן פריי.

* * *

ניקי איז געפאַלן אויף שטאָל און אייזן שטיקער —
דער בויגן פון דער קריגס-שיף איז געוועזן רויט,
די שיף געווען געהייליקט פון הייסן בלוט פון בויער,
און דער יונגער ניקי איז גרייט געווען צום טויט.

* * *

## פאנטאסטישע שאָטנס

ביים דעלאווער ריווער אין טויזנטער פינקען
האָט זיך צעשאָטן א העלער ראַקעט
אין טויזנטער ליכטער, וואָס בלישטשען און ווינקען
און מאָלן פאַנטאסטיש אַ סילועט.

* * *

זיי מאָלן א שאָטן פון שיפן און סודות
און פינקלענדע טראָפּנס אין מילי־מיליאסן,
עס קומט אָן אַ ווינטל, צעוויגן זיך כוואַליעס
און הוידן די שאָטנס שטיל און געלאַסן.

* * *

עס איז ניט קיין יום טוב פון פרייד און געלעכטער,
עס איז ניט די צייט איצט פאר פרייד קאַרנאַוואַלן,—
פון טונקעלן אָוונט ביז ליכטיקן מאָרגן
גיסן פון שיפּיאַרדס זיך ליכטיקע קוואַלן.

## סיק - בעי

סיק בעי.
מאטראַסן פאַרוואונדעט
ווען דאָ ליגן,
אויף בעטלאַך וואָס הײנגען אויף הייגערס
און קייטן,
אין איינגשטאָפּט
שטאַרק נאָענט איינער פון צווייטן!
קראַנקע מאַטראַסן!
ווער האָט מיט בלוט
זייער יוגנט פאַרגאָסן?
אויף דער לעצטער פּלאַטפאָרמע
צווישן שטאָלענע ווענט
דעם עלנט דעם טיפסטן
זיי האָבן דערקענט.
עס פאלט צו דער אָוונט,
פון לעבן דער אָוונט
אַלץ וואָס איז טייער,
וואָס ליב איז און נאָענט
איז טויזנטער מײלן אַוועק.
פאַראַן נאָר אַ בעטל
פון דראָטן געפלאָכטן,
אַ לעבן אַ יונגעס,
וואָס איז ניט דערשאָכטן.

און שטאָלענע ווענט
אין גרויע קאָלירן,
אייזערנע טרעפּ,
געפּאַנצערטע טירן,
און גערויש פון מאשינען
וואָס קלאַפּט מאָנאָטאָנע
און טרייבט שיר פון זינען.
עס ציטערט דאָס הארץ,
עס נאָגט יעדער אבר.
עס שטורעמט דאָס וואסער
און גרייט צו א קבר.
סיק בעי.

# די קאַרגאָ-שיף

די קאַרגאָ-שיף איז גרייט צו פירן פּראָוויאַנטן
אין איר פולן קערפּער צעוואַקסן אין דער ברייט,
ווי א גוטע מאַמע, וואָס טראָגט פון מאַרק די פּעקלעך
אויף אירע פולע אָרעמס, טריי און אויסגעשפּרייט.

* * *

די קאַרגאָ-שיף איז קיילכיק, די פּאָרמען ניט קיין שלאַנקע,
ניטאָ קיין פלאַץ פאר צאַצקעס אין איר שלאַנקן גוף,
פון ערשטן דעק ביז לעצטן ביז דעם ווייטסטן ווינקל,
איז זי טריי און ערליך איר נאַטירליכן באַרוף.

* * *

די קאַרגאָ שפּייכלער זיינען נאָענט איינס פון צווייטן,
טיף און ברייט און ערנסט, וויכטיק אין באַשייד.
וויפל איז באַשערט זיי אָט די גרויסע קעלער
שפּייז און האָפנונג טראָגן אין זייער אינגעווייד?

## דער פּערטער יוֹלי אין שיפּיאַרד...

קיינער וועט אין הויז ניט בלייבן,
קיינער, קיינער;
אַלע, אַלע וועלן קומען,
יעדער איינער.

* * *

ס׳איז דער יום-טוב היינט אַ גרויסער,
ס׳איז „דזשולאַי דער פּערטער״,
אַלע וועלן טריי און ערליך
בלייבן אויף די ערטער.

* * *

ביים ווערקשטאַט צי ביי דער ביוראָ,
צי אין יאַרד אין דרויסן,
אַלע וועלן בויען שיפן
אין דעם טאָג דעם גרויסן.

* * *

ס'איז דער יום טוב הייליק, הייליק,
היינט נאָך מער ווי תמיד,
דאַרף די שיף די ניט דערבוויטע
דינען ווי אַן עמוד;

* * *

ווי אַן עמוד, וואו מיר וועלן
אין דעם יום טוב שווערן,
אַז מיר וועלן, אַז מיר וועלן
פון קיין רו ניט קלערן

* * *

ביז עס וועט דער זיג ניט קומען
און מיר וועלן וויסן,
אַז מיר קענען ווידער, ווידער
אין זיכערקייט געניסן

* * *

פון דער פרייהייט, פון דער גלייכהייט
ווידער, ווידער, ווידער,
פון דער פרייהייט וואָס פאַראייניקט
אַלעמען ווי ברידער.

## יונגע מאַטראָסן...

זיי זיינען געקומען
די יונגע מאַטראָסן
און האָבן צעגאָסן
פיל פרייד אויף די גאַסן.

* * *

זיי זיינען געקומען,
געקליבענע חברה,
צו שיף צו דער נייער
אויף ערשטער מאַנעוורע.

* * *

מיט שיף זיך באַקענען
זי אויסצופּרובירן,
און אַלעם פאַרגרייטן
אין ים זי צו פירן.

* * *

א טאָג נאָך א טאָג,
בייטאָג און אין אוונט,
עס ווערן די יונגען
מיר ליבער און נאָענט.

* * *

מיט קערפּער פאַרברוינטע,
געזונט — מוסקולירטע,
מיט אָרעמס מיט פעסטע
און הענט טאַטואירטע.

* * *

אין בלויע קאָסטיומען
מיט שטרייפן באַצירטע,
און ווייסע קאַשקעטן
די עלטסטע מונדירטע.

* * *

זיי קומען פון ווייטן,
פון אלערליי שטאַטן,
זיי האָבן געלאָזן
א מאמען, א טאַטן.

* * *

א שוועסטער, א ברודער,
א מיידל, א כלה,
כ'בין איצט א בייזער
אויף זיך פאר זיי אלע.

* * *

כ'קוק אויף די יונגען
ביים שיפּיארד אין קעמדן,
כ'האָב פאר זיי ליבשאפט —
דאָך ליבשאפט פון פרעמדן.

* * *

עס וואָלט טאַטע־מאַמע
ווער ווייסט וואָס געגעבן,
צו זיין אויף מיין פּלאַץ איצט
אין שיפּיארד דערנעבן...

# דער מענש פון מאַרס

אַ שוואַרצע מאַסקע
שיצט זיין קאָפּ און פּנים,
זיין פייער-פאַקל
שפּריצט ווי אַ ראַקעט.
ער שטייט מאַסיוו
ער זעט אויס גאָרניט ערדיש.
ער זעט אויס ווי א וועזן
פון אַן אַנדערער פּלאַנעט.

* * *

וואָס איז די באַדייטונג
פון מיסטעריעזן וועזן?
צי ער איז ניט אינגאַנצן
אַ טייל פון וועלכן פאַרם?!
די פראַגע איז פאַרענטפערט.
עס קלינגט אזוי נאַטירליך:
דער מענש איז פולקאם ערדיש
געשיקט צו אונז פון מאַרס.

* * *

ער איז געשיקט פון מאַרס
דאָך ניט פון דער פּלאַנעטע,
וואָס ליגט מיליאָנען היילן
אוועק פון אונזער ערד;
ס'האָט אים געבראַכט צו אונז
פון אונזערע ארומען,
מאַרס, דער גאָט פון קריג!
דער גאָט פון ביקס און שווערד!

* * *

דער מענש פון מאַרס,
דער וועלדער מיט דעם פייער־פאַקל,
ער גייט, ער קומט,
ער איז אין אַוואַנגאַרד
ער בויט מאַשינען,
טאַנקען, עראָפּלאַנען,
ער בויט די שיפן
אין דעם שיפן־יאַרד.

## שוואַרצע שיפֿן אונטער וואַסער...

שוואַרצע שיפֿן אונטער וואַסער
רינגלען אונדז אַרום,
ווי די מאָנסטערס שטיל און גיפֿטיק
לויערן זיי אום.

* * *

שוואַרצע שיפֿן, מאָנסטער שיפֿן
קריכן אויפֿ'ן ים,
וואָס זיי קענען נאָר געפֿינען,
טויטן זיי מיט סם.

* * *

שוואַרצע שיפֿן — האַקנקרייצער,
פּיראַטישע עמבלעם,
ווי די שלאַנגען מיט די צוואַנגען
כאַפּן זיי אין קלעם.

* * *

שוואַרצע שיפן בעסטיאַלע
מיט די אויגן גרין,
שטעלן אין געפאַר דאָס לעבן
פון די בראַווע זין.

* * *

פון די בראַווע זין, די שטאָלצע,
וואָס ריזיקירן אַלץ,
צו די קראַנקע, נויט און הונגער,
פירן ברויט מיט זאַלץ.

* * *

שוואַרצע שיפן ווי די ווערים
ווער האָט אייך דערקענט!
מיאוסע שרצים פון דעם שונא,
ווערט פארלענדט!

# די אידישע שיף...

איך האָב געלערנט זיך שיפן צו צייכנען,
שיפן פאַר קריג און פאַר פרידן;
די צייט איז שוין רייף,
אפשר טויזנטער יאָרן,
צו בויען אַ שיף
פאר פאַרוואָגלטע אידן.

* * *

אַ שיף גאָר באַזונדער,
א פלאַן גאָר א נייער,
לויט דער לעצטער טעכניק און מאָדערן;
אַ שיף, וואָס זאָל שווימען טיף אונטער'ן וואַסער
און זאָל קענען אויך פליען
ווייט איבער די שטערן.

* * *

אַ שיף גאָר אַ נייע,
פאר אַ פאָלק גאָר אַן אלטן,
וואָס האָט שוין ניט איינמאָל
אין ים זיך געטרינקען;
געטריבן; געוואָרן פון אלערליי ברעגן
ווי קרעציקע שמשורעס
געוואָרן געזינקען.

* * *

אַ שיף וועל איך בויען
פאר אייך, מיינע ברידער,
איר וואָגלער פון „שטרומאַ” און פון „סאַנט לואיס”.
וואָס אויף אייערע קעפ
איז געפאַלן דער צאָרן,
פון אלע וואַמפּירן
און חיות רעות.

אַ שיף וועל איך שאַפן,
אַ פלאָט גאָר אַ גאנצן,
טיף אויף דעם אָפגרונט
וועל איך אים באַהאַלטן;
ער וועט קומען אייך דינען,
ווען ער וועט דערהערן
דעם רוף פון דעם אידישן וואָגלער,
דעם אַלטן.

## שיף-טערמינען און פרעמדע ווערטער
## גענוצט אין דער לידער-זאמלונג:

שיפיארד — אַ פלאַץ, וואו מען בויט און מען פאַרריכט שיפן.

עי־עם 98 — צוויי אותיות און אַ נומער, וואָס ווערן אָנגעגעבן אַנשטאָט אַ נאָמען פאַר אַ שיף אין משך פון דער מלחמה.

וועלדער — אַן ארבעטער, וואָס באַנוצט זיך מיט אַ „וועל־דינג"-פאַקל, און שמעלצט צוזאַמען צוויי שטיקער מעטאַל אין איינעם דורך צעגליִען זייערע ברעגעס.

בויגן פון דער שיף — די פאָדערשטע טייל.

פילאָטן הויז — די אָפּטיילונג אויף דער אויבערשטער דעק פון שיף, וואו עס געפינט זיך די רודער-ראָד און אַלע אַנדערע נאַוויגאַציע אינסטרומענטן.

פּאָרט זייט — די לינקע זייט, קוקנדיק פאָראויס, ווען מ'איז אויף דער שיף.

קאַלקולוס — אַ טייל פון העכערע מאַטעמאַטיק.

טריג — פאַרקירצונג פון דער וואָרט טריגאָנאָמעטריע.

דעלאַווער ריווער — דער דעלאַווער טייך, וואָס טיילט אָפּ פילאַדעלפיע פון קעמדען, ניו-דזשוירזי. אויף ביידע זייטן פון טייך געפינען זיך גרויסע שיפיארדס, וואו עס ווערן געבויט שיפן מכל המינים.

סיק בעי — אַן אָפּטיילונג אויף דער שיף פאַר קראַנקע און פאַרוואונדעטע מאַטראָסן.

# אינהאלט

זייט

## פון זעלבן מחבר:

האַטואַיי (פּאָעמע), 136 זייטן
ארויסגעגעבן פון דער אידישער קולטור
געזעלשאפט, האַוואַנער צווייג.
האַוואַנאַ, קובאַ, 1931.

דער גאָלדענער פאַנטאַן (מעשה׳לעך אין פּערזן)
116 זייטן, האַוואַנאַ, קובאַ, 1934.

האַטואַיי (פּאָעמע) אין שפּאַניש, 96 זייטן,
האַוואַנאַ, קובאַ, 1935.

אידיש אין אַמעריקע מוז גיין באַרג ארויף
צייטמעסיקע פראגן, אַנאַליזן און פּלענער ווי אזוי צו
ראַטעווען די אידישע קולטור אין אַמעריקע פון אונ-
טערגאַנג. — פונקטן צו דער פּראָגראַם פאַר אַ נייער
אידישער קולטור-באַוועגונג דאָ אין לאַנד.

פון א סעריע אַרטיקלען, געדרוקט אין די
„אידישע וועלט", פילאדעלפיע, פּאַ., 1941